

אין אַ ווינקל אפן דיל
ווייִנט אַ נאַפט-לאמפּ דין און שטיל:

כ'בין אַ שלאַפּער,
כ'בין אַן אַלטער,
כ'בין אַ הונגעריקער
און קאַלטער.
איינגעהויקערט איז מיין רוקן,
און מיין קנויט איז דאַר און טרוקן,
און פאַרשטויבט איז שטאַרק מיין גלאָז.
זאָגט זשע מיר: פאַרוואָס, פאַרוואָס
ליג איך דאָ, פאַרלאָזט און קייטיק
און כ'בין קיינעם מער ניט נייטיק?..
און אַמאָל אין גוטע צייטן,
פלעג איך ברענען, ווי בא לייטן,
אויפן טיש, וואו סאַמאָוואַר
זידט און קאָכט און לאָזט אַ פּאַר,



דורך די פענסטער אף מיין שיין
פלעגן פלאטערלעך אריין,

פלעגן פלאַטערן און פליען,
אן מיין הייסן גלאָז זיך בריען...

אפן אויוון נעבן טאָפּ
רופט אַ צווייטער לאָמפּ זיך אָפּ:
כ׳האָב אין עס-שטוב היינט געזען
גאר א מאדנעם מין פארשוין.
ס׳איז אַ לאמפּ, זאָגט מען, אַ נייער,
ס׳ברענט ווי פופציק ליכט זיין פייער.
אי אַ כויזעק! א געלעכטער!
ס׳איז א הענגלאָמפּ ניט קיין שלעכטער!
ניט קיין לאָמפּ—אַ פּראָסט גלעזל
מיט א צוגעלייטן נעזל,
אף א שטריקל דורך א לעכל
הענגט אונטער א גרינעס בלעכל,
און אין גלעזל שטעקן באָר
אף א דראט א צוויי-דריי האָר.
זאָג איך איר: מיין ליבער הער,
ווי קומט איר צו אונז אהער?
איך וואָלט וועלן וויסן וואָס
זאָגן וועט דער באלעבאס,
ווי וועט ער אנשטאט א קנייט
אנצינדן א שטיקל גלאָז!
? ? ?
טוט דער נייער לאָמפּ א לאַך
און ער זאָגט: ניט אייער זאך!





הערט א האָזע,
הערט א דרייסטקייט:
זאָגן מיר:
ניט אייער אייסעק!
אז, אוואדע, א יאָר צען
אין דער זעלבער שטוב איך ברען!
שטענדיק העל און שטענדיק ליכטיק,
ניט געררויכערט, ריין און ציכטיק.
האָט די זאך מיר שטאַרק פארדראסן
און מיין קאעס כ׳האָב אויסגעגאָסן:
הערט, איר דארפט ניט זיין קיין גלאָמפּ
און פארייסט זיך ניט דעם נאָז,
ווייל איר זייט גאר ניט קיין לאָמפּ,
נאָר א פּראָסט שטיקל גלאָז!

רופט ער זיך צו מיר דאָן אָפּ:
האָסט קיין סייכל ניט אין קאָפּ!
ס׳בּרענט דיין פייער זייער שוואך
אז מען קאָן ניט זען קיין זאך.
אָבער איך—איך לייכט אָן היץ
כ׳בּין א ברודער פון דעם בליץ.
אן עלעקטרע-לאָמפּ איך בּין.
ס׳שיקט פון סטאנציע אַ מאַשין
מיר דורך דראָט אַ שטאַרקע קראַפט
און כ׳באַדאַרף גאָר ניט קיין נאַפט.
רירט מען צו זיך מיט דער האַנט
אן אַ קנעפּל אַף דער וואַנט,
צינד איך גלייך זיך אָן אַליין.
איצט פאַרשטייט איר, אָדער ניין?




און אַ וואַקס-ליכטל אַ קליינס
אַזאַ שוואַכס און אַ געמיינס
טוט זיך אויף אַ הויב פון אָרט
און זי שטעלט אַריין אַ וואָרט:
אירט געזאָגט, אַז איר זייט רייך
ס׳ברענען פופציק ליכט אין אייך?
ס׳איז אַ כוצפע ניט קיין קליינע,
ווייזט, וואו ברענט אין אייך כאָטש איינע!



אין טינטער קרעכצט אן אַלטע פען:
אוי שווער צו לעבן, שווער!
אַמאָל אין טינטער טינט געווען—
און איצט ניטאָ שוין מער!
איך, אַלטע און צעקראַכענע
האָב אויך שוין אָפּגעדינט
נאר פליגעלעך צעקראָכענע
זיך וויקן אין מיין טינט.



כאווײרים-פעדערס, זאמלט זיך,
און לאמיר זיך באראטן!
געקומען פעדערס פײנטלעכע
און קלאפּן װי הארמאטן,
אויסיעס,
פּונקטן,
קלאמערלעך

שלאגן
קרומע
האמערלעך.
אט צעפּאָרט זיך די מאשין
האלב אהער און האלב אהין,
פּאָרט אין אלע זײטן.
װאס זאל דאס באטײטן?





ס׳האָט אַ קאָראָמיסל אין ווינקל
אַפּן קאָל זיך הויך צעשריען:
עמער, עמער, וואָס זשע שווייגסטו
לאנג נאָך וועלן מיר דא ליגן?
ברודער מײַנער, שלעכטע צייטן...
ס׳זשאוורען שוין מײַנע זייטן
וואו אַ שטוב—אַ וואַסערלייטונג
און מיר זיינען מער ניט נייטיק!





און אַמאָל אין אלטע צייטן
פלעגן דאך פון אַלע זייטן
ווייבער, מיידלעך גיין נאָך וואַסער
איבער הויפן, איבער גאַסן
און מיט הענגער אַפן רוקן
פלעגן זיך צום טייכל בוקן:
אַ גוטמאָרגן, טייכל קרוין,
גיב אונז וואַסער
פריש און ריין!



איצט אַ ליאדע לײדיקגײער
װיל ער טרינקען—גיט אַ דרײ ער
נאר דעם קראן אַף גיך—און באַלד
גיסט זיך װאַסער רײן און קאַלט.



